# די עלטערן

# און די שול

דער ערשטער עלטערן־צוזאמענפאר פון די שולן
פון דער „צענטראלער יידישער שול
ארגאניזאציע" אין דער פוילישער
רעפובליק אין אפריל 1922

 



פארלאג „שול און לעבן", ווארשע 1922

# די עלטערן און די שול

דער ערשטער עלטערן-צוזאמענפאר פון די שולן
פון דער „צענטראלער יידישער שול
ארגאניזאציע" אין דער פוילישער
רעפובליק אין אפריל 1922

פארלאג „שול און לעבן", ווארשע 1922

RODZICE A SZKOŁA

PIERWSZY ZJAZD RODZICIELSKI SZKÓŁ ŻYDOWSKICH W RZECZYPOSPOLITEJ POLSKIEJ.

WYDAWNICTWO SZKOŁA I ŻYCIA
WARSZAWA 1922.

Druk „Feniks" R. Wileńskiego, Warszawa, Graniczna 14.

# דער ערשטער עלטערן-צוזאמענפאר.

17 אַפּריל 1922.

## דער צוזאמענשטעל פון די דעלעגאטן.

שוין איינציקע טעג פאַרן צוזאַמענפאָר האָבן זיך באַקומען אַ רייִ ידיעות אין דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע וועגן פיל פאָרגעקומענע עלטערן-פאַרזאַמלונגען, זיצונגען פון צענדליקער עלטערן-קאָמיטעטן, וואַל-פּראָטאָקאָלן, מאַנדאַטן און פון דעם איז שוין געווען צו זען, אַז צום צוזאַמענפאָר וועלן קומען פיל דעלעגאַטן פון גאַנץ פּוילן. עס איז געווען אַרויסצוזען, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט די קורצע פאָרבערייטונגען צום צוזאַמענפאָר האָט זיך אָנגעהויבן אַ אויפלעבונג צווישן די עלטערן, און אַלע עלטערן-קאָמיטעטן, סיי לאָקאַלע און סיי צענטראַלע, האָבן אָנגעהויבן אַן ענערגישע אַרבעט.

די צייט איז צוליב פיל סיבות נישט געווען קיין צוגעפּאַסטע. עס איז געווען פיל דעלעגאַטן שווער חוה"מ פסח אַרויסצופאָרן. די מאַטעריעלע לאַגע פון די שולן איז די גאַנצע צייט אַ שווערע און עס איז געווען שווער צו מאַכן די קלענסטע הוצאות. אויף הכנות איז אויך געווען זייער ווייניק צייט. עס זעט אָבער אויס, אַז די באַדערפעניש אין צוזאַמענפאָר איז געווען אַזוי גרויס, אַז נישט געקוקט אויף די אַלע דערמאַנטע מניעות, איז דאָך געטאָן געוואָרן אַלץ אויף די ערטער, אַז מען זאָל זיין ווי געהעריק פאַרטראָטן.

צום צוזאַמענפאָר זענען געקומען 116 דעלעגאַטן פון 45 שטעט. עס זענען געווען פאָרשטייער פון אַלע גרעסטע שטעט פון פּוילן און פון די ראַנד-לענדער, ווי פון וואַרשע, לאָדזש, לובלין, קאַליש, ביאַליסטאָק, טשענסטאָכאָוו, פּעטריקאָוו, ראָוונע, לוצק, ווילנע און אַנדערע. דער גרעסטער טייל פון די דעלעגאַטן זענען געווען די טוער און אָנפירער פון די עלטערן-קאָמיטעטן. אַלע זענען געקומען מיט אַ גרויסן אינטערעס צו אַלע פראַגן פון סדר-היום.

צום צוזאַמענפאָר זענען אויך דעלעגירט געוואָרן צוויי פאָרשטייער פון בילדונג-מיניסטעריום.

דער צוזאַמענפאָר איז טעלעגראַפיש באַגריסט געוואָרן פון פיל שטעט. ער איז טעלעגראַפיש באַגריסט געוואָרן פון דוד איינהאָרן, דוד בערגלסאָן, יעקב לעשטשינסקי, יוסף לעשטשינסקי, בן אדיר, נסתר, פּ. הירשביין, מאיר מענדלסאָן א. אנד.

## ערעפנונגס-רעדע.

**ח' ב. מיכאַלעוויטש:** אין נאָמען פון צ. י. ש. אָ. האָב איך דעם כבוד צו עפענען דעם ערשטן עלטערן-צוזאַמענפאָר פון די שולן, וועלכע זענען אָנגעשלאָסן אין דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער רעפּובליק. דאָס איז דער ערשטער עלטערן-צוזאַמענפאָר נישט נאָר פון

אונזערע שולן, נאָר דער ערשטער בכלל אין דער געשיכטע פון גאַנצן יידישן שול-וועזן. פון ערשטן מאָמענט אָן זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו בויען די נייע יידישע שול, האָבן אירע לערער און פירער באַגריפן די נויטווענדיקייט, דערשפירט די באַדערפעניש אריינצוטרעטן אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט די עלטערן.

די עלטערן, די היים בכלל שטעלן פאָר מיט זיך א וויכטיקן עלעמענט אין דער דערציונג. די היים קנעט-אויס די קינדערשע נשמה ווי אַ ווייך ליים, לייגט-ארויף איר חתימה, אָפטמאָל גאַנץ גראָב און ברוטאַל, אויף דער קינדערשער פסיכיק, ווירקט אויף דער אויסבילדונג באַ די קינדער פון אַלערליי זיטן און רגילותן. אויב די היים ארבעט נישט האַרמאָניש מיט דער שול, אויב די ערשטע שטייט מיט איר אין קאָנפליקטן, פּאַראַליזירט זי מיט איר נעגאַטיווער דערציונג די פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פון דער שול, שטערט זי בלויז דער שול אין איר אַרבעט.

מען דערציילט פון אַ יידישן תּנא, ׳ וועלכן די עלטערן האָבן פון קינדווייז-אויף באַזעצט אין בית-המדרש, כּדי ער זאָל נישט ווערן איבערגעפירט דורכן לעבן, כּדי אים זאָלן נישט דערגיין קיין דברי-חול.

מיר קאָנען נישט איזאָלירן די קינדער פון דער היים, מיר ווילן נישט, זיי זאָלן אויסוואַקסן עקזאָטישע געוויקסן, אומפעיק צום לעבן, פרעמד זיינע באַדערפעונישן. אדרבא, פריי און אָפן שטייען אונדזערע שולן, אָפן אין ברייטן לעבן. מיר ווילן, זיי זאָלן אריינוואקסן נאַטירלעך און אומגעשטערט אין דעם גרויסן לעבנס-שטראָם.

מיר דאַרפן זיך נאָר באמיען, אז דער פאַרדאַרבלעכער לעבנס-שטויב זאָל נישט פאַלן אויף זייערע צאַרטע נשמות, אז די וואָכעדיקע מאַרקגעשרייען זאָלן נישט איבערשרעקן זייערע קינדערשע חלומות. אלע עלטערן ליבן זייערע קינדער, אָבער זייער וויניק אַ כ ט ן זייערע קינדער, די קינדערשע פסיכיק, די קינדערשע נשמה. די דאָזיקע אַ כ ט ו נ ג צו דער זעלבשטענדיקער קינדער-וועלט, אויף וועלכער ס׳איז געגרינדעט אונדזער נייער דערציונגס-וועזן, מוז דערוועקט ווערן בא אלע עלטערן, מוז דורכגעפירט ווערן אויך אין דער היים.

אונדזערע שולן שטייען נישט אין סתירה מיטן לעבן. זיי באזירן זיך אויף די באַדערפנישן און אידעאַלן פון די עלטערן (רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן). נאָר טאַקע דערפאַר, ווייל זיי זענען באַזירט אויף די אמתע באדערפנישן, ווייל זיי שטייען אין איינקלאַנג מיטן טיפערן, אינערלעכן לעבנס-זין, קאָנען זיי קומען און קומען טאקע אָפט אין קאָנפליקטן מיט דער פאַרגליווערטער לעבנס-טראַדיציע, מיט די איינגעוואָרצלטע רגילותן און פארעלטערטע לעבנס-השגות.

דער איצטיקער עלטערן-צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן ס׳זענען בייוועזנד העכער הונדערט דעלעגאטן פון דער פוילישער פּראָווינץ, ליטאָ און וואָלין,

איז דער בעסטער באוויז, אַז דער דאָזיקער דיסאָנאַנס צווישן שול און היים איז שוין פאַרשוואונדן און צווישן די ביידע ערציונגס-עלעמענטן שטעלט זיך איין אַ האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט (אפּלאָדיסמענטן).

דאָס איז די פּעדאַגאָגישע זייט פון דער פראַגע. אָבער נישט נאָר דאָס אליין. מיר אלע דאָ געהערן צו דעם שניט געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האַלטן נישט פון דער ארבעט, וואָס ווערט געמון פון אויבן, דורך יחידים פאַר אנדערע, מיר זענען נישט קיין אָנהענגער פון פילאַנטראָפּישער טעטיקייט. מיר מיינען, אַז אין דער שול-ארבעט, ווי אין יעדער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, מוז ווערן דורכגעפירט דער פרינציפּ פון זעלבסט-טעטיקייט, די פאראינטערעסירטע גופא דארפן באַפרידיקן זייערע באַדערפנישן. די דירעקט-פאראינטערסירטע אין דער שול זענען (אויסער דער מלוכה און געזעלשאַפט) די עלטערן. דערום קאָן האָבן די שול אַן ערפאָלג נאָר דעמאָלט, ווען דער אוממיטלבאַר-פאר-אינטערעסירטער צד באַטייליקט זיך אַקטיוו אין איר ארבעט און נעמט אַן אָנטייל אין אירע ענינים.

דער היינטיקער צוזאַמענפאָר, דאָס איז דער ערשטער אויסדרוק פון דער דאָזיקער בשותפותדיקער ארבעט פון לערער און פאָטער (אַפּלאָדיסמענטן פון גאַנצן זאַל). מיר האָבן שוין איצט באַ יעדער שול עלטערן-קאָמיטעטן, וואָס ווערן ארייננעצויגן אין לעבן און זאָרג פון דער שול, אין די גרעסערע שטעט האָבן זיך שוין געבילדעט אפילו צענטראלע עלטערן-קאָמיטעטן, וועלכע בילדן צוזאַמען מיט די קוראַטאָריומס און פעדאגאָגישע ראַטן געמיינזאַמע שול-קערפּערשאַפטן.

מיט דעם גרויסן אינטערעס, וואָס די עלטערן האָבן ארויסגעוויזן צום היינטיקן צוזאַמענפאָר, האָבן זיי געמאַכט אַ סוף צו דער לעגענדע, וועלכע אונדזערע באַוואוסטזיניקע קעגנער און סתם נאַאיווע לייט פלעגן ביז איצט אונטערהאַלטן: די אַלע יידישע שולן, פלעגט מען שרייען אין דער קעגנערי-שער פרעסע און אין די קעגנערשע קרייזן, זענען מער נישט נאָר אַן אויפטו פון פאַרטיי-לייט, פון סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגן. די ארבעטער-מאַסן גופא ווילן גאָרנישט די נייע שולן און א פשיטא שוין זענען זיי קעגן איר אויסגע-שפּראָכענער וועלטלעכקייט. די שולן,—האָט מען דערביי פּרובירט דערקלערן, זייער מעגלעכע עקזיסטענץ,—האָבן זיך געבילדעט אין די שווערע צייטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, די עלטערן האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טון מיט די קינדער, און די שולן זענען געווען אומזיסטע, עסן האָט מען דאָרט געגעבן אומזיסט, פלעגן די אָרעמע עלטערן שיקן אַהין זייערע קינדער.

נאָך דעם היינטיקן צוזאַמענפאָר, וואו דער אינטערעס מצד די עלטערן צו אונדזערע שולן ווייזט זיך ארויס אזוי בולט און דייטלעך, וועלן שוין די אלע טענות וועגן אינדעפערענטיזם און קעגנערשאַפט מצד די עלטערן מאכן לעכערלעך די, וועלכע וועלן זיך מיט דעם באַנוצן. דער ארבעטער-פאָטער און די ארבעטער-מוטער ווייסן שוין איצט אָפּצושאַצן די וויכטיקייט פון דער

ביי׳ער שול פאַר דער ערציונג פון זייערע קינדער און זענען גרייט צו ברענ־גען די שווערסטע קרבנות, כדי אויפצוהאלטן איר קיום! (שטורמישע לאנגע אפּלאָדיסמענטן).

אין אַ שווערן מאָמענט טרעפט דער ערשטער עלטערן־צוזאַמענפאָר אונדזערע שולן. די שולן לעבן איבער אַ שווערן פינאַנציעלן קריזיס, זיי ליידן אויך זייער פיל פון זייער אומבאַשטימטער יורידישער לאַגע. אויף דעם היינטיקן צוזאַמענפאָר האָבן די עלטערן צו באטראכטן דעם פינאַנציעלן מצב פון די שולן. ס׳איז פאַר אונדז אלעמען קלאָר, אז די שולן, בא דער גרעסטער אָנשטרענגונג פון אונדזער זייט, וועלן נישט ארויסגיין פון זייער פערמאנענטן געלט־מאנגל, אויב די מלוכה און די שטאָט־פאַרוואַלטונגען וועלן נישט באזאָרגן זייער בודזשעט, ווי עס ווערן באזאָרגט אלע מלוכה־שולן. דער עלטערן־צוזאַמענפאָר האָט צו זאָגן זיין ענערגיש און דרייסט וואָרט: **מיר פאָדערן, אז אונדזערע שולן זאָלן אויסגעהאלטן ווערן דורך דער מלוכה!** (א גרויסער בייפאל) נישט קיין נדבה פאַרלאנגען מיר פון איר, מיר ווילן נישט קיין באַזונדער חסד. מיר פאָדערן בלויז, וואָס אונז קומט. מיר באַ־טייליקן זיך צוגלייך מיט אלע בירגער אין די מלוכה־שטייערן, קומט אונדז אַ טייל פון די הוצאות פאַר אונדזערע שולן!

אָבער מיר אלע גיבן זיך אָפּ א קלאָרן חשבון, אז דאָס איז אַ דויערנדי־קער קאַמף, אז מיר וועלן אונדזער גערעכטע זאך נישט געוואונען גלייך מיט דער ערשטער רעזאָלוציע. די שולן אונדזערע אָבער טאָרן זיך דערווייל נישט שליסן, זיי מוזן פאַרבלייבן. זייער 7־יאָריקע עקזיסטענץ האָט אונדז דערוויזן אויף דער פראַקטיק, ווי אומפאַרמיידלעך זיי זענען פאַר אונדז. דעם צוזאַמענ־פאָר וועט אויסקומען זיך אנטשליסן ארויפצולייגן אויף זיך פרייוויליקע נייע לאַסטן, אַ נייע באשטייערונג, פארגרעסערן דעם שכר־למוד אזוי, אז די שולן זאָלן קאָנען איבערקומען די שווערע צייטן. דאָס וועט זיין די גרעסטע דע־מאָנסטראַציע מצד די עלטערן לגבי דער נייער שול, דער שענסטער אויסדרוק פון זייער איבערגעבנהייט און טריישאַפט זייער אייגענער ארבעטער־שול (שטורמישע לאנג־דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן, וועלכע ציען זיך אייניקע מינוט).

די שולן ליידן אויך פון שווערע אדמיניסטראַטיווע רעפּרעסיעס. יעדער פּראָווינציעלער אדמיניסטראַטאָר דערלויבט זיך בנוגע אונדזערע שולן די גרעסטע שיקאַנעס. מיר אָרגאַניזירן איצט אַ פּראָטעסט־אַקציע קעגן די דאָזיקע רדיפות. די אויפגאַבע פון עלטערן־צוזאַמענפאָר וועט זיין צו זאָגן דאָס אויטאָריטעט־וואָרט אויך אין דער פראַגע. ער דאַרף ארויסטראָגן זיין אנטשיידענעם פּראָ־טעסט קעגן דעם אומגעזעצלעכן הפקר, וועלכן אונדזערע שולן זענען אונטערגעוואָרפן, ער דאַרף מעלדן קאַטעגאָריש, אז די טויזנטער עלטערן וועלן נישט דערלויבן, מ׳זאָל זיך אזוי ווילקירלעך באַגיין מיט זייער שול (אַפּלאָדיסמענטן), ער דאַרף זיך ווענדן מיט דעם צו די ברייטערע פאָלקס־מאַסן און ער דאַרף מיטווירקן, אַז די געפּלאַנטע אַקציע זאָל ווירקלעך ווערן אַן אימפּאָזאַנטע מאַסן־ארויסטרע־

טונג, ער דאַרף וועקן דעם אינטערעס און פאַרשטענדניש פאַר אונדזער שול און אירע באַדערפנישן בּאַ די ברייט־סטע, ווייטסטע און אָפּגעשטאַנענסטע אַרבעטער־און פ.־מאַסן!

וואונטשנדיק דעם צוזאַמענפאָר הצלחה און ערפאָלג אין זיין נוצלעכער אַרבעט, ערקלער איך דעם ערשטן עלטערן־צוזאַמענפאָר פאַר־געעפנט.

(רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן)

# וואלן פון פרעזידיום.

אין פרעזידיום ווערן געוויילט פאָלגנדיקע חברים:

ב. זעליקאָוויטש, י. לעיי (וואַרשע), ג. וואַפּנער, א. קאראבטשינסקי (ווילנע), י. קרוגליאַק (ביאליסטאָק), פעטשניק (בריסק), לוטשניק (וואָלין).

עס ווערט געוויילט אַ מאַנדאַט־קאָמיסיע פון 7 פערזאָן.

עס ווערט באַערט מיט אויפשטיין דער אָנדענק פון י. ל. פרץ.

# באריכט פון דער צ. י. ש. א.

ח׳ י. ווילנער: אין דעם באַריכט פון דעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון דעם עלטערן־צוזאַמענפאָר מוז קודם־כל באַרירט ווערן די אלגעמיינע ארבעט פון דער צענטר. יידישער שול־אָרגאַניזאַציע. דער עלטערן־צוזאַמענפאָר קומט ווי איינער פון די פיל רעזולטאַטן פון דער ארבעט פון דער צ. י. ש. אָ. עס זענען קוים געוועזן 10 חדשים עקזיסטענץ פון דער צ. י. ש. אָ. עס איז נאָך אַ קנאַפּע, בערך, צייט מען זאָל שוין קאָנען מאַכן סך־הכּלן. עס דאַרף נאָר דערמאָנט ווערן דאָס אָפּגעטאָנענע.

עס זענען געווען פיל געביטן פון אַרבעט. צום ערשטן די אָרגאַניזאַציע־אַרבעט. מ׳האָט צונויפגעזאַמלט דעם גאַנצן שול־מאַטעריאַל. מ׳האָט באַזוכט כמעט אלע שולן. מ׳האָט געשאַפן די פאַרבינדונג, די לעבעדיקע אָרגאַניזאַציע. נאָך לאַנגע מכשולים און שוועריקייטן איז מען צוגעטראָטן צו שאַפן די אָר־טיקע אָפּטיילונגען פון דער צ. י. ש. אָ., וועלכע זאָלן ווערן דער יסוד, אויף וועלכן אונדזער שול־וועזן זאָל זיך אָנשפּאַרן. די אָרטיקע אָפּטיילונגען זענען שוין דאָ אין וואַרשע, לאָדזש, טשענסטאָכאָוו, פּעטריקאָוו, קאליש, בריסק, ביאַליסטאָק, פּינסק און אין פיל קלענערע פונקטן. זיי האָבן נאָך איצט אָנגע־הויבן צו לעבן, זיי דאַרפן נאָך דורכמאכן און איבערשטאַרקן פארשיידענע טראַדיציעס, איינגעלעבטע באַציונגען, אָבער די זאַך איז אין גאַנג. עס זענען פאָרגעקומען אַ ריי פּלענאַרע זיצונגען, אַ ריי קאָנפערענצן, וועלכע האָבן גע־האָלפן צונויפשמידן די אָרגאַניזאַציע.

די צווייטע ארבעט איז שאַפן די געהעריקע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער. אונטערצופירן אונטער דער שול־אָרגאַניזאַציע אַ ברייטן, געזונטן שיכט. אין צוזאַמענהאנג מיט דעם איז אָרגאניזירט געוואָרן דער שול־

חודש אין דעצעמבער. עס זענען דורכגעפירט געוואָרן איבערן לאַנד הונדערטער פאַרזאַמלונגען און מיטינגען. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אונדזער אייגענע פרעסע. עס איז געטאָן געוואָרן פאַר דעם, אז מ׳זאָל ווי ווייט מעגלעך זיין אינפאָרמירט וועגן דעם שול-וועזן און וועגן דער שול-אָרגאַניזאַציע. מ׳קאָן זאָגן, אז די ברייטע אַרבעטער-מאַסן זענען פעסט צוגעצויגן געוואָרן צום קאַמף און צו דער פאַרטיידיקונג פון אונדזער שול-וועזן.

א דריטער געביט איז געווען דער קאַמף פאר אונדזער רעכט. דער קאַמף איז געפירט געוואָרן און ווערט געפירט עד היום צוויי אַרטיק: אין אַ צענטראַלן מאָסשטאַב און אין אַ לאָקאַלן. דורך דער פרעסע, דורך עפנטלעכע ארויסטרעטונגען, דורך מאַסן-רעזאָלוציעס, דורך דעלעגאַציעס אין מיניסטעריום, וועלכע האָבן פאָרמולירט אונדזערע פאָדערונגען, איז געפירט געוואָרן דער קאַמף פון צענטער. לעצטנס איז מען צוגעטרעטן צו אַ פראָטעסט-קאמפאניע מיט אינדיווידועלע אונטערשריפטן, וועלכע דאַרף די גאָענסטע וואָכן אַרומכאַפּן די ברייטסטע מאַסן.

אויסער דעם איז געפירט געוואָרן דער קאַמף אויף די ערטער, אין די מאַגיסטראַטן און שטאָט-ראַטן. עס זענען געווען א ריי ארויסטרעטונגען אין די שטאָט-ראַטן פון ווארשע, לאָדזש, טשענסטאָכאָוו און פיל אנדערע שטעט. אין אייניקע ערטער האָט מען זיך אפילו דערשלאָגן צו קלענערע פראַקטישע רעזולטאַטן—צו געוויסע סובסידיעס פאַר די שולן.

א פערטער געביט פון ארבעט איז דער פאַרלעגערישער. גענוג בלויז צו דערמאָנען, אז דורך דער צ. י. ש. אָ. ווערן רעגולער ארויסגעגעבן די זשורנאַלן: „נייע שול"—פאר לערער, „שול און לעבן"—צענטראַל-אָרגאַן פון דער צ. י. ש. אָ., „גרינינקע ביימעלעך" פאַר קליינע קינדער, „חבר"—פאַר עלטערע קינדער, „שול און היים"—פאַר עלטערן. דאָס פאָדערט קאָלאָסאלע אָנשטרענגונגען, אַ סך כּוחות. אויסער דעם ווערט געזאָרגט פאַרן באַרייכערן די ביבליאָטעק פון לערער און פון דער שול. עס זענען ערשינען אין ווילנע און אין ווארשע אַ ריי ביכער און נאָך מער זענען צוגעגרייט געוואָרן צום ערשיינען.

דער פיפטער געביט פון ארבעט איז געווען דער פעדאַגאָגישער. פעדאגאָגישע הילף אונדזערע שולן, אינסטרוקטאָרישע הילף, שטיין אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער לערערשאַפט, אויפוועקן זייער אינטערעס און פארענטפערן זייערע פראַגן, די אויסבילדונג פון דער לערערשאַפט — דאָס איז געווען אַ גרויסע ארבעט פאַר דער צ. י. ש. אָ. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן; 1) לערער-קורסן אין יולי — אויגוסט 1921, 2) ארבעט-קורסן אין אָקטאָבער, 3) קורסן פאַר וואַרשעווער לערער אין דעצעמבער — יאַנואַר — פעברואַר, 4) די קאָנפערענץ פון די יידיש-לערער, 5) נאַטור-וויסנשאַפט-קאָנפערענץ אין אַפּריל 1922, 6) פאָרשול-קאָנפערענץ און פלענאַר-זיצונגען פון דער פאָרשול-

ביוראָ, 7) צוויי-וואָכיקע קורסן פאַר אָוונט-שול-לערער, 8) לערער-סעמינאַר אין ווילנע.

עס ווערן פארענדיקט די פאָרבערייטונגען צו אַ ריי נייע אונטערנעמונגען פאַר לערער-אויסבילדונגען, ווי ארבעטס-קורסן אויף זומער, פּרעבל-קורסן (קורצטערמיניקע).

דער זעקסטער געביט פון ארבעט איז דער פינאַנסיעלער. מיט אַ יאָר צוריק איז אונדזער גאַנצער שול-וועזן אין זיינע גאַנצע הונדערט פּראָצענט געווען אָפּהענגיק פון אַמעריקע. מיר האָבן דאָס יאָר געהאַט זייער אַ שווער יאָר — אין פינאַנסיעלן הינזיכט איז עס געווען, פיליכט, דער שווערסטער. מען איז צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן די זאמלונג פון אָרטיקע מיטלען. עס איז דורך אַ ריי שווערע ארבעטן, אויפקלערונגען און אגיטאַציע אויפגעהויבן געוואָרן באַדייטנדיק דער שכר-לימוד, עס זענען אין פיל ערטער דורכגעפירט געוואָרן באַשטייערונגען, עס זענען אונטערגעהאלטן געוואָרן דורך פארשיידענע וועגן די פארבינדונג מיט אמעריקע, מיטן „פּיפּלס רעליעף", עס איז געטאָן געוואָרן, אז די אויסלענדישע יידישע ארבעטער-גרופּן זאָלן מיט-העלפן פינאַנסיעל אונדזער שול-וועזן, און סך-הכל איז דורך דער צ. י. ש. אָ. פאַרטיילט געוואָרן אין פאַרלויף פון צען מאָנאַטן ביז 180.000.000 (הונדערט אכציק מיליאָן מארק).

אלס פועל-יוצא פון דער ברייט-פאַרצווייגטער ארבעט אין 130 שטעט, אלס פועל-יוצא פון אויפגעוועקטן אינטערעס, אלס רעזולטאט פון די כסדרדיקע רעפּרעסיעס און שיקאַנעס אויף אונדזערע שולן איז געקומען די די אידעע פון עלטערן-צוזאַמענפאָר. פאַר דער קורצער באריכט-צייט איז אויפגעשטאַנען די אָרגאַניזאַציע פון די עלטערן ארום די שולן. אין אַ ריי גרעסערע שטעט פונקציאָנירן טעטיקע עלטערן-קאָמיטעטן, וועלכע נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער שול-ארבעט. פאר דער לעצטער צייט זענען פאָרגעקומען הונדערטער עלטערן-פאַרזאַמלונגען. אין די גרעסערע פונקטן עקזיסטירן צענטראלע עלטערן-קאָמיטעטן, ווי אין ווארשע, ווילנע, ביאליסטאָק. די צענטראלע עלטערן-קאָמיטעטן נעמען ארום דעם גאַנצן שול-וועזן פון געגעבענעם אָרט.

עס איז געווען די איניציאַטיוו פון צ. ע. ק. פון ווילנע, אז עס זאָל צונויפגערופן ווערן דער צוזאַמענפאָר. די צ. י. ש. אָ. האָט צוזאַמען מיט דעם צ. ע. ק. געבילדעט דעם אָרגאַניזיר-קאָמיטעט. עס זענען געווען נישט מער ווי 2—3 וואָכן צייט אויף פאָרבערייטונגען. צום צוזאַמענפאָר זענען צוגעלאָזן געוואָרן בלויז געקליבענע דעלעגאַטן פון שולן און קינדער-היימען. אויף דעם ערשטן רוף, ווי מיר זעען, זענען געקומען עלטערן-דעלעגאַטן פון איבער 50 שטעט פון דער פּוילישער רעפּובליק.

עס איז צום ערשטן מאָל אין אונדזער געשיכטע פון אונדזער שול-בויונג און שול-קאַמף אַ עלטערן-צוזאַמענ-

פאָר. דאָ וועט איצט דאַרפן פאַרשטאַרקט ווערן די אָרגאַניזאַציע פון די עלטערן אַרום דער שול. דאָ וועלן דאַרפן אָנגעצייכנט ווערן די אויפגאַבן פון דער עלטערן־אָרגאַניזאַציע. דאָ וועט דאַרפן דעמאָנסטרירט ווערן דער ווילן פון דער ברייטער עלטערן־מאַסע.

מיר זענען אין רעכטן קאַמף פאר אונדזער שול, מיר שטייען אין רעכטן מיטן פון פינאַנסיעלן קריזיס, מיר זענען ארומגערינגלט מיט רעכטלאָזיקייט און גזרות, און דאָ דאַרפן מיר אויסבויען אַ נייע קאַמף־פּאָזיציע, דאָ וועלן מיר זאָגן אונדזער וואָרט צו זיך אליין, דאָ וועלן מיר שטעלן אונדזערע פאָדערונ־גען צו דער רעגירונג.

## באריכטן פון די צענטראלע עלטערן־קאמיטעטן.

עס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט פון צענטראַלן עלטערן־קאָמיטעט פון די שולן פון „אונדזערע קינדער“ אין וואַרשע. דער קאָמיטעט באַשטייט פון 25 פערזאָן, וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן דורך די עלטערן־קאָמיטעטן פון יעדער שול באַזונדער. עס איז שוין געלונגען ביז היינט צו שאַפן ביז 30% פון בודזשעט דורך אייגענע מיטלען; ס'זענען דורכגעפירט געוואָרן פאַרזאַמלונ־גען פון די עלטערן אין אַלע שולן, וואו עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגן פון טאָג־אָרדענונג פון עלטערן־צוזאַמענפאָר.

ח' פורמאַנסקי האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון צענטראַלן עלטערן־קאָמיטעט פון די באָראָכאָוו־שולן אין וואַרשע. ער נעמט אַרום 8 באָראָכאָוו־שולן אין וואַרשע; עס פונקציאָנירן לאָקאַלע עלטערן־קאָמיטעטן באַ די שולן גופא. עס זענען דורכגעפירט געוואָרן קאָנפערענצן און עלטערן־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס'זענען באַהאַנדלט געוואָרן די שול־פראַגן.

ח' וואַפניאַרזש האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון צענטראַלן עלטערן־קאָמיטעט פון ווילנע. דער צ. ע. ק. אין ווילנע פונקציאָנירט שוין איינדעקע יאָר און נעמט־אַרום אַלע שולן פון ווילנע. באַזונדערס וויכטיק האָט זיך אַרויסגע־וויזן די ראָל פון צ. ע. ק. באַ דער באַשטייערונג־אַקציע. דער צ. ע. ק. האָט אַרויסגעשטעלט זיינע פאָדערונגען צו דער מאַכט.

— מיר קאָנען זיך נישט פאָרשטעלן — האָט געזאָגט ח' וואַפניאַרזש,— אַז מען זאָל אונדז נישט לאָזן לערנען אויף יידיש און ווי אַזוי מיר ווילן; מיר קאָנען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז עס זאָל זיך קאָנען וייטער ציען דער מצב, אַז אונדזערע שולן זאָלן נישט אויסגעהאַלטן ווערן פון דער מלוכה און שטיי־ערן זאָלן מיר צאָלן גלייך ווי אַלע אַנדערע, אויב נישט נאָך מער ווי אַלע אַנדערע! (אַפּלאָד. פון גאַנצן זאַל).

ח' גאָלדבערג האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון צענטראַלן עלטערן־קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק. דער ביאַליסטאָקער צ. ע. ק. נעמט אַרום 9 יידישע פאָלקס־שולן, 5 קינדער־היימען, אַין וועלכע ס'ווערן געלערנט און דערצויגן

2000 קינדער. עס איז פיל געטאָן געוואָרן פאר דער מאַטעריעלער פאַרזיכערונג פון די שולן, עס איז געפירט געוואָרן אַ ברייטע אויפקלערונגס-אַרבעט צווישן דער אַרבעטערשאַפט.

צוליבן מאַנגל אין צייט האָט מען נישט אויסגעהערט די באַריכטן פון אַלע איבעריקע עלטערן-אָרגאַניזאַציעס.

## די רעכטלעכע לאַגע פון דער יידישער שול.

ש. מענדלסאָן: די יידישע שול-באַוועגונג איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. דער געדאַנק פון דער יידישער שול איז שוין לאַנג רייף געווען אויף דער יידישער גאַס. מיט אַ סך יאָרן פאַר דער מלחמה האָט מען שוין וועגן דער פראַגע דיסקוטירט און געשריבן. דער צאַרישער רעזשים האָט אָבער דערדריקט יעדן פּרוּאוו פון אַן אונטערטעניקער נאַציע צו קולטיווירן און דערציען דעם נייעם דור אין דער מוטער-שפּראַך. אין געציילטע שולן האָט מען געלערנט בגנבה די יידישע שפּראַך, אָבער די אַלע לערער האָט שטענדיק געדראָט דאָס זעלבע, וואָס די פּוילישע לערער אין די קאָנספּיראַטיווע פּוילישע שולן (אַפּלאָדיסמענטן).

די אָקופּאַציע האָט געגעבן מער מעגלעכקייטן פון אַנטוויקלען אַ געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אויפן קולטור-געביט. די פּאָליטישע טעטיקייט איז געווען דערשטיקט און אַלע האָבן זיך מיט אַ ברען געוואָרפן אויף דער אַרבעט. די אָקופּאַנטן האָבן געהאַט אַ ביטערן טעות, ווען זיי האָבן געגלייבט, אַז די יידישע שול-טעטיקייט קאָן ברענגען נוצן דער גערמאַניזאַטאָרישער פּאָליטיק זייערער. באַלד האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז עס צעגיסט זיך אַ שטראָם פון אַן אייגנאַרטיקער מעכטיקער יידישער קולטור-באַוועגונג, די שולן באַקומען אַלץ מער אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער. ס'הערן אויף צו זיין בלויז שולן מיט דער יידישער אונטעררייכטס-שפּראַך, מיר הייבן אָן בויען נייע שולן. די גאַנצע אַרבעט ווערט אַ וויכטיקע דאַטע אינם יידישן חנוך. די פּוילישע שול-מאַכט קוקט קרום אויף אונדזער אַרבעט. מיר ווערן בלינדערהייט פאַררעכנט צו די גערמאַניזאַטאָרן. די פּוילישע וויזיטאַטאָרס, ווי ד"ר זיעלענטשיק א. א. ווילן אַפילו נישט באַזוכן די קלאַסן, באַקענען זיך מיט דער אַרבעט און מיט די רעזולטאַטן. זיי באַקוקן נאָר דעם „סאַניטאַרן" צושטאַנד פון די שולן און פסקנען ס'רוב, אַז דאָס זענען געפערלעכע „זשאַרגאָנאָווע-נאַציאָנאַליסטישע" אַנשטאַלטן. אַלע פּרוּוון צו פאַרינטערעסירן די פּוילישע שול-מאַכט מיט אונדזער אַרבעט ברענגען צו גאָרנישט. עקשנותדיק ווערט אָרגאַניזירט דער אינערלעכער מהות פון דער שול. אויף דער דייטשער שול-רעפאָרמער-קאָנפערענץ האָט מען מער געוואוסט וועגן אונדזער אַרבעט, ווי אין פּוילישן שול-אינספּעקטאָריאַט, אויף דער קאָנפערענץ דערציילט פּראָפ. קאָכען זיינע איינדרוקן פון אונדזערע שולן, אין דערזעלבער צייט פרעגט דער וואַרשעווער אינספּעקטאָר דעם פּאָרשטייער פון „שול-

און פאָלקס-בילדונג פאַריין אין וואַרשע", צי אונדזערע שולן זענען דאָס זעלבע וואָס די... אָרטאָדאָקסישע חדרים (געלעכטער), אַלע פּאַפּירן, בלאַנקן, אַנקעטעס, וואָס ווערן אַריינגעשיקט צו דער מאַכט, ווערן אַפילו נישט געלייענט. די שולן עקזיסטירן אויפן גרונד פון דייטשע ערלויבנישן, די פּוילישע מאַכט „ווייסט נישט וועגן זייער עקזיסטענץ". — אַנדערש אַ ביסל איז די לאַגע אויף די קרעסן. דאָרט האָבן די דייטשן געפּרואווט אַריינפירן הינדענבורגס געזעץ (§ 3) און אַ לאַנגע צייט געפירט אַ העפטיקן קאַמף מיט דער יידישער שול. מען זעצט אַריין דייטשע לערערס, מען פּרואווט אָנוואַרפן די דייטשע שפּראַך וכד'. מיט עקשנות ווערן אָבער די שולן ווייטער געפירט. — די אָקופּאַנטן זענען אַוועק. פּוילן שטייט אויף. די מלוכה הייבט זיך אָן בויען, דער שול-וועזן איז געוואַלטיק פאַרלאָזן — דער אַנאַלפאַבעטיזם איז מוראדיק. „שול-וועזן" ווערט אַ לאָזונג, אָבער דערווייל קומט אונטער דער פּעריאָד פון מלחמות. און אויב לגבי דעם פּוילישן שול-וועזן זענען נאָך פאַראַן אַ מאָל סענטימענטן, איז אָבער לגבי דער יידישער שול ווערט ווייטער געפירט די איגנאָרירונג-פּאָליטיק. די שולן ווערן נישט באַזוכט דורך פּעדאַגאָגן. די אינערלעכע דערגרייכונגען בלייבן אַ סוד פאַר די פּוילישע מאַכט-האָבער. מיר ווילן נישט פירן קיין פּראַזן-דיסקוסיע מיט דער מאַכט וועגן אונדזער שול, מיר פאָדערן קודם כל, אַז זי זאָל באַזוכט ווערן דורך פאַכמענער, ס'זאָל אָפּגעשאַצט ווערן די אַרבעט, באַמיונגען און דערגרייכונגען. נאָר דעמאָלט וועלן מיר קאָנען רעדן וועגן כאַראַקטער פון אונדזער שול (לאַנגע אַפּלאָדיסמענטן פון גאַנצן זאַל). — נאָכן איינשטילן דעם מלחמה-שטורעם און באַלד נאָכן שול-צוזאַמענפאָר קומט פאָר אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער באַציונג צו אונדזער אַרבעט. אָנשטאָט דעם ביז איצטיקן פאַרשוויגן און איגנאָרירן טרעט אַרויס אַן אויסגעשפּראָכענע אונטערדריקונג-פּאָליטיק, וועלכע וואַקסט בהדרגה. לכתחילה האָט זי מער אַן אָרטיקן כאַראַקטער, איז על פּי רוב אָפּהענגיק פון די קאַפּריזן פון די אינספּעקטאָרן און קוראַטאָרן אויף די ערטער, שפּעטער צעוואַקסט זיך די באַציונג און ווערט אַ מלוכה-טענדענץ, וועלכע ווערט דיקטירט דורכן בילדונגס-מיניסטער. — די ערשטע ידיעות וועגן ווילקיר-האַנדלונג לגבי אונדזער שול האָט די צ. י. ש. אָ. באַקומען אין יולי 1921.

דער ראָזשיטשער אינספּעקטאָר ווערט אַ גאָר געטרייער אַפּוטרופּוס פון דער שול, שיקט עפּעס מאָדנע פאַראָרדענונגען און פלוצלינג באַשטימט ער אַ לערערין פון פּויליש און וויל די איינגעלאַדענע פון דער פאַרוואַלטונג באַזייטיקן אָן אַ פאַרוואָס. אין וואָלין באַווייזן זיך די ערשטע שוואַלבן. דער אינספּעקטאָר פאָדערט, אַז אַלע שולן זאָלן געהערן נאָר צו אַ געזעלשאַפט, פאַרשטייט זיך אַ לעגאַליזירטע און די לערערשאַפט דאַרף האָבן דעם נייטיקן בילדונגס-צענז, 2, דוכט זיך, גאַנץ אומשולדיקע פּונקטן, וואָס שטייען אין פולן הסכם צום צירקולאַר פון מיניסטער פאַר די קרעסן. שפּעטער האָט זיך איצט

אַרויסגעוויזן, ווי מיט די פונקטן האָט מען מיסברויכט, כדי צו פאַרמאַכן לכתחילה 10 שולן אין וואָלין. אין פוילן דויערט לעגאַליזירן אַ געזעלשאַפט, דערצו אַ ייד, לכל הפחות 1½ יאָר. פריוואַטע פערזאָנען מיט אַלע נייטיקע גאַראַנטיעס האָט מען בכוח געוואָלט פסלן. די אומשולדיקע פאָזירונג פון אַ בילדונגס-צענז פאַר לערער איז זיך צעוואַקסן אין פאָדערונגען פון פוילישער בירגערשאַפט און פּאָליטישער כשרות. דיביידע „פעיקייטן" זענען אויף די קרעסן, וואו מען איז יעדן הושד אין באָלשעוויזם און וואו דאָס בירגערשאַפט-פּראָבלעם, איז נאָך נישט ערליי-דיקט, פשוט אַ יקר המציאה, דאָס טעכנישע ערליידיקן פון די פראַגן פלעגט דוי-ערן חדשים. דערווייל האָט מען פעסט געהאַלטן געשלאָסן די שולן. און צום אָנהייב פונם נייעם שול-יאָר זענען געווען געשלאָסן 10 שולן בלויז אין וואָלין (אויסדריקן פון אויפרעגונג און פּראָטעסט).

די דעלעגאַציע באַם מיניסטער פון דער צ. י. ש. אָ. פון 16/IX 1921 האָט אויסגעהערט פון ה׳ לאָפּושאַנסקי אַ פייערלעכע פאַרזיכערונג, אַז ער האָט גאָרנישט קעגן די יידישע שולן און וועט זיך באַמיען תיכף דעם ענין ערליידיקן. עס זענען דורך אַ פּאָר חדשים און עס קומען אָן נייע ידיעות. דער סיסטעם פון רדיפות ווערט פאַרשטאַרקט. געענדערט האָבן זיך די פאָרמען. מען באַגנוגנט זיך שוין נישט מיט פאָרמאַליטעטן. די קוראַטאָרן און אינספּעקטאָרן הייבן אָן רעדן אָפן וועגן געפאַר פאַר דער מלוכה, וואָס דראָט מצד דער יידישער שול (די רעוויזיע אין ראַדאָמער שול א. א.) — אַ חוץ דעם פּילט פוילן אַ מאַנגל אין לאָקאַלן — די ערשטע כפרה איז די יידישע שול. מען רעקווירירט די לאָקאַלן אויף שפּיטע-לער, פּ. ק. או., קאַנצעלאַריעס און אַפילו פּריוואַטע וואוינונ-גען (מיר, ביעלסק, רוזשאַן), באַם רעקווירירן נעמט מען אַפילו צו דאָס מעבל, וואָס איז אַ פּריוואַט-אייגנטום (ראָזשיטש). די אינספּעקטאָרן פאָדערן אָפן, אַז די אונטעררריכט-שפּראַך זאָל זיין פויליש, ס׳זאָל אַריינגעפירט ווערן העברעיש און רעליגיע (מיר, רוזשאַני 1921 13/XII № 750). אַן אַנדער קוראַטאָר האָט זיך דערטראַכט צו דעם, אַז ער וועט לעגאַליזירן די שול, אויב די אונטעררריכט-שפּראַך וועט זיין... העברעיש. אַן אַנדער שול-אינספּעקטאָר פאַרגלוסט זיך גאָר, אַז אין דער יידישער שול זאָלן די לימודים פאָרקומען אין שבת, זונטיק זאָל זיין דער אָפּרו-טאָג. די ערלויבניש אויף דער לוצקער קינדער-היים ווערט שוין אָפּגעשלעפּט כמעט אַ יאָר צייט, הגם מען האָט צוגעשטעלט אַלע נייטיקע דאָ-קומענטן, פּאַפּירן און צייגנישן. ביז מען איז געוואָר געוואָרן, וואָס פאַר אַ פּאַ-פּירן מען דאַרף, האָט געדויערט אַן ערך 3 חדשים און ווען ענדלעך מען האָט זיך דערוואוסט און אַלץ צוגעשטעלט, האָט די פאַרוואַלטונג נאָך 2 חדשים וואַרטן באַקומען אַן ענטפער, אַז מען באַטראַכט נישט איר ביטע, ווייל... ס׳פעלן פאַר 30 מאַרק שטעמפּל-אָפּצאָל. פּלוצלינג זענען אַרויסגעשפּרונגען נייע פאָדערונגען אויף נייע פּאַפּירן א. א. וו. די קינדער-היים האַלט מען דערווייל צוגעשלאָסן. טייל אינספּעקטאָרן דערגרייכן ביז ציניזם אין זייער באַציונג. —

אַלזוי די אַטאַקע אויף דער שול איז אין פולן בּרען. בּפרט צעגיסט זי זיך אין אַ בּרייטער כוואַליע אין וואָלין, ווייס־רוסלאַנד, — בּכלל אין די ראַנד־לענדער, וואו ס'איז בּכלל דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבּן אונטערדריקט. — אין קרוין־פוילן נעמען די רעפּרעסיעס אָן אַ בּיסל אַנדערע פאָרמען. אַ געוויסער סאַבּאָ־טאַזש. אַלע ענינים און לעגאַליזאַציעס ווערן פאַרשלעפּט. די לעצטע צייט אָבּער האָט מען אָנגעהויבּן זינגען דאָס בּאַקאַנטע לידל „בּאָלשעוויזם" א. א. וו. די שולן פון „אונדזערע קינדער" ווערן נישט לעגאַליזירט צוליבּ אַ פּלאַקאַט וועגן „קעמפער פאַר א פרייער צוקונפט". אַזעלכע פּלאַקאַטן, וועלכע די מאַציעזש שקאָלנאַ האָט געדרוקט פאַר דער מלחמה, בשעת דער רוסן־הערשאַפט. אין דער פּראָווינץ פאַרשלעפּט מען אַלע לעגאַליזאַציעס פון דער געזעלשאַפט. — די בּאַציונג פון די צענטראַל־אָרגאַנען האָבּן זיך אויך גרינד־לעך געענדערט. די דעלעגאַציע פון צ. י. ש. אָ. דעם 16/IX 1921 האָט דער מיניסטער לאָפּושאַנסקי פייערלעך פאַרזיכערט, אַז ס'איז נישטאָ קיין ספּעציעלע טענדענץ לגבי די יידישע שולן, דערגעגן דער זעלבּער דעלעגאַציע נאָך דעם 25/XII 1921 האָט שוין דער ה' לאָפּושאַנסקי געלייענט א לאַנגע לעק־ציע וועגן לאָיאַליטעט צו דער מלוכה, וועגן סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער ערציונג, וועגן דעם, אַז מיר „ווינקען כסדר צו מזרח" א. א. און אגב האָט ער טאַקע צוגעגעבּן, אַז דער ענין פון די יידישע שולן געפינט זיך אין די הענט פון די פּאָליטישע אָרגאַנען (זשאַנדאַרמעריע בּלע"ז), און אַז דער מיניסטאָרן־קאַבּינעט וועט מוזן ערנסט בּאַהאַנדלען די פראַגע. — פון צענטער גייט איצט אַרויס די טאַקטיק. — מיר פאָדערן די רעכט, קודם כל, וואָס זענען אונדז גאַראַנטירט דורך דער קאָנסטיטוציע (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן). אונדז בּאַפרידיקט בּשום אופן ניט די פּוילישע קאָנסטיטוציע, בּפרט דער פּונקט, וואָס דערלאָזט נאָר רעליגיעזע שולן. מיר וועלן אַנטשידן קעמפן פאַר די פרייע רעכט פון דער וועלטלעכער שול (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן). אָבּער לעת עתּה פאָדערן מיר, אַז די אויספיר־אָרגאַנען זאָלן נישט פאַרקריפּלען דעם § 110 פון דער קאָנסטיטוציע. די טאַקטיק ווערט אָנגעווענדט קעגן אַלע נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן און דאָס פאַרשטאַרקט נאָך דעם פּראָנט אונדזערן. — מיר פאָדערן, אַז די שולן זאָלן ווערן אויסגעהאַלטן פון דער מלוכה (אויס־בּרוך פון אַפּלאָדיסמענטן). מיר צאָלן שטייערן גלייך מיט אַלע און קאָנען נישט געניסן פון די דערציונגס־אַנשטאַלטן, עס איז דער חוב פון דער מלוכה אויסצוהאַלטן אונדזערע שולן. — דעם כאַראַקטער פון אונדזער שול־אַרבּעט וועלן מיר צופּאַסן נאָר צו אונדזערע בּאַדערפעניש און אָנשויונגען — דעריבּער פאָדערן מיר אַן אויטאָנאָמיע פון דעם שול־וועזן. — דער רעדנער דערמאָנט די פּראָטעסט־אַקציע, וואָס ווערט איצט אָרגאַניזירט קעגן די רדיפות אויף דער יידישער שול און פאָדערט, אַז אַלע, ווי איין מענטש, זאָלן אַרויסזאָגן זייער

קאַטעגאָריש, ווילן ווייטער מיט מסירות נפש צו דערהאַלטן די שול (רוישיקע אפּלאָדיסמענטן פון גאַנצן זאַל, וועלכע דויערן לאַנגע מינוטן).

## דער פינאַנסיעלער מצב פון די שולן.

**ח' קאַזדאַן:** צום אָנהייב פון אַלטן שול-יאָר האָבן מיר פאַרמאָגט אין ווילנער קאַנט 160 קלאַסן (קאָמפּלעקטן) מיט 4307 קינדער און אין איבריקן פוילן 400 קלאַסן מיט 11.494 קינדער. אָבער צום נייעם לערן-יאָר קומען מיר מיט אַ גרויסן פאַרלוסט פון 105 קלאַסן נאָר אין פוילן (אָן ליטע). פון דער צאָל זענען דורך דער רעגירונג פאַרמאַכט איבער פאַרשיידענע פאָרמעלע טעמים 47 קלאַסן, צוליב רעקווייזיציעס און אַנדערע פאַרש ידענע סיבות — 21, אַליין פאַרמאַכט מיט רעדוקציע-צוועקן — 37 קלאסן. אי דער אמתן, איז די דאָזיקע צאָל העכער, ווייל אַהער גייט נישט אַריין, ווי ג זאָגט, ווילנער קאַנט, וואו עס זענען געווען פאַלן פון פאַרמאַכן קלאַסן צול ב אַלע אָנגעוויזענע סיבות; אַהער זענען אויך נישט אַריין די אָוונט-שולן און קינדער-היימען. אַחוץ דעם דאַרף דאָ געמומען ווערן אין אַכט, אַז אויב אונדזער שול-וועזן וואָלט געגאַנגען נאָרמאַל — וואָלטן צום איצטיקן נייעם לערניאָר אומעטום געדאַרפט נאַטירלעך צוקומען נייע קלאַסן, ווייל דאָס רוב אונדזער שולן זענען דאָך 2—3 קלאַסיקע— און נאָרמאַל וואָלטן זיי געדאַרפט וואַקסן. אויף אַזאַ מין אופן, איז לא דאי וואָס אונדזער שול-וועזן וואַקסט נישט פאָרויס, זענען מיר נאָך אַנטקעגן דעם פאַראַיאָריקן צושטאַנד אויף אַ פינפט חלק הינטערשטעליק.

געוויס איז אונדזער איצטיקער לאָזונג וועגן רעדוצירן פאַראַלעלע און נאָכמיטאָגדיקע קלאַסן, וועגן צונויפגיסן פאַראַלעלע שולן פון באַזונדערע קוראַטאָריומס, וועגן פאַרגרעסערן די צאָל קינדער אין יעדן געגעבענעם קלאַס ביז 30—40 פאַקטיש-באַזוכנדיקע — געוויס איז דער לאָזונג אין פיל פאַלן באַרעכטיקט און ווערט אַרויסגערופן דורך דער צוועקמעסיקייט אַליין. געוויס, מיר דאַרפן שטרעבן צו מאַקסימאַלער עקאָנאָמיע און קאָנצענטראַציע פון אונדזערע געזעלשאַפטלעכע און מאַטעריעלע כוחות, אָבער מיר טאָרן נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף דער געפאַר, וואָס שטאַמט פון דעם אַלעם אַרויס: מיטן שטאַרק-פאַרגרעסערן די צאָל קינדער אין קלאַס שוואַכן מיר אָפּ די מעגלעכקייט צו דערגרייכן גרעסערע ערפאָלגן אין קלאַס, מיט די אַלע מיטלען פאַרקלענערן מיר דעם שול-וועזן גאַנץ קינסטלעך און גיבן אים נישט די מעגלעכקייט צו גיין מיטן וועג פון זיין נאַטירלעכער אַנטוויקלונג און פראָגרעס. און דער עיקר, רעדוצירנדיק דעם לערערס געהאַלט, האַלטנדיק אים אויף אַ נידעריקער מדרגה פון באַלוינונג אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך, — שטויסן מיר אָפּ פון אונדזער שול דעם בעסערן און מער צוגעפּאַסטן עלעמענט פון דער לערערשאַפט. און ווען צו דעם אַלעמען קומט נאָך צו, אַז מיר צאָלן נישט די לערער זייערע שכירות גאַנצע חדשים-ווייז, — איז דאָס די גרעסטע דראָאונג פאַר אונדזער

שול, אַז זי זאָל אינגאַנצן פאַרלאָזט ווערן פון דער בעסערער לעװ־ערשאַפט און זי זאָל בלייבן נאָר באַ די פסולת.

און שולדיק — איז אין דעם אַלעמען דער שטענדיקער פינאַנס־קריזיס, אין וועלכן אונדזער שול געפינט זיך פערמאַנענט. די געלט־מיטלען, וואָס באַקו־מען זיך פון אַמעריקע, קאָנען נישט באַפרידיקן אַלע הצטרכותן פון אונדזער שול־וועזן. אַ קאָלאָסאַלע צאָל שולן פירן זייער אַרבעט באַ די ערגסטע דירה־באַדינגונגען, אָן פאַסיק מעבל און לערן־מכשירים, אָן פעדאַגאָגישע און קינ־דער־ביבליאָטעקן. די דאָזיקע לאַגע פון דער שול פירט צו איר אַלגעמיינער דערנידערונג, זי אימפּאָנירט נישט גענוג דער באַפעלקערונג, זי האַלט נישט אויס די קאָנקורענץ מיט אַנדערע שולן. דאָס פאַרשווערט נאָך מער די לאַגע פון דער שול, וועלכע איז אַזוי אויך גענוג טרויעריק. די געלט־מיטלען, וואָס באַקומען זיך פון פיפלס־רעליעף, זענען אַזוי נישטיק, אַז באַ די אַלע באַשרענ־קונגען און באַגרענצונגען, באַם גאַנצן קאַרגן און שפּאָרן, באַם גאַנצן איינהאַלטן דעם נאַטירלעכן וואוקס פון דער שול און באַ דעם מיזערנעם געהאַלט פון דער לערערשאַפט — האָבן דאָך אונדזערע שולן מיליאָנעדיקע דעפיציטן, און באַם היינטיקן טאָג (17 אַפּריל), נאָכדעם ווי מען האָט נישט לאַנג אויסגעצאָלט די 20 טויז. דאָלאַר, וואָס האָבן זיך באַקומען פון אַמעריקע פאַר די חדשים פעב־רואַר—יוני, קומט דאָך דורכשניטלעך דער לערערשאַפט געהאַלט פון פעברואַר אָן און טיילווייז אפילו פון יאַנואַר.

דעם חודש־בודזשעט פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע דאַרף מען זיך פאָרשטעלן באַם היינטיקן טאָג אין פאָלגנדיקע ציפערן: 295 קלאַסן (אויסער ליטע) דאַרפן קאָסטן מינימום (אין קיילעכדיקע ציפערן, לויט גענויע בודזשעט־פּראָיעקטן) 23 מיליאָן אַ חודש, דאָס מאַכט אויס העכער 2 טויזנט מאַרק אויף אַ קינד. רעכענען אָבער אויף אַזאַ דורכשניטלעכן שכר־לימוד אין אונדזער פאָלקס־שול, וואו עס איז דאָ אַ גרויסע צאָל יתומים און היימלאָזע, וואו דער רוב מנין קינדער — איז פון אַרבעטנדיקע קרייזן עלטערן, קאָן מען נישט אַפילו באַ די גרעסטע אָנשטרענגונגען. די צ. י. ש. אָ. מוז נעמען אויף זיך לכל הפחות 30% דורכשניטלעך — פון אַלגעמיינעם בודזשעט. ווייטער, מיר פאַרמאָגן 65 קינדער־היימען, וואָס קאָסטן פאַרהעלטנישמעסיק טייערער ווי שול־אָפּטיילונגען, און זייער חודשדיקער בודזשעט באַטרעפט אויך נישט ווייניקער ווי $4^{1}/_{2}$ מיליאָן. ווען פון דיביידע סומען זאָל די די צ. י. ש. אָ. דעקן, ווי געזאָגט, נאָר 30% אין דורכשניט, מאַכט אויך אויס די דאָזיקע סובסידיע פאַר די שולן און קינדער־היימען — נישט ווייניקער ווי $8^{1}/_{2}$ מיליאָן אַ חודש. דער־צו קומט נאָך צו — איין מיליאָן אַחודש סובסידיע פאַר די 50 עקזיסטירנדיקע אָוונט־שולן, לכל הפחות דריי מיליאָן אויף די הוצאות פון צענטראַלן אַפּאַראַט, אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען פון דעם עקזעקוטיוו פון דער צ. י. ש. אָ.,— באַקומען מיר אין ס"ה אַ סכום פון $12^{1}/_{2}$ מיליאָן הודשלעך. די דאָזיקע סומע שטייגט - אַריבער די סומען, וואָס האָבן זיך ביז אַהער באַקומען פון אַמעריקע.

יעדנפאַלס גיבן זיי נישט קיין מעגלעכקייט צו פאַרברייטערן דעם שול-וועזן אָדער צו העכערן די סובסידיע-מאָס פאַר די אָרטיקע אַנשטאַלטן. אויף אַזאַ אופן שטייט פאַר אונדז אַ גוואַלטיק פּראָבלעם, ווי אַזוי צו דעקן ד" אויספעלנ-דיקע 70% פון בודזשעט. אויב מען זאָל האָפן, אַז דער שכר-לימוד וועט דעקן אַ העלפט דערפון, בלייבט דאָך נאָך אַ קאָלאָסאַלער בלויז פון 25—35% פון בודזשעט, וועלכער לייגט זיך ווידער אַמאָל אויף די אָרטיקע שול-אָרגאַניזאַציעס און זייער אַקטיוויקייט — צו באַשאַפן אָרטיקע קוואַלן פון שטענדיקע הכנסות. אָבער ווי לאַנג קאָן זיך האַלטן אויף אַזעלכע ניסים אונדזער שול-וועזן?

עס דאַרף דעריבער ארויסגיין פון היינטיקן עלטערן-צוזאַמענפאָר אַן ענערגישער רוף און פאָדערונג, וואָס זאָל זיין געווענדט צו דער רעגירונג און די מאַגיסטראַטן, אַז די יידישע שול זאָל באַקומען סיסטעמאַטישע אויסהאַלטונג מצד דער מלוכה פון אירע שטענדיקע בילדונגס-פאָנדן. די יידישע שול מוז איינגעשלאָסן ווערן אין דער מלוכהשער שול-נעץ, און נאָר דאַן וועט זיין די פולע זיכערקייט, אַז איר לעבן וועט גיין נאָרמאַל און אַז זי וועט וואַקסן—לויט דער ווירקלעכער און פרייער באַדערפניש פון די יידישע פאָלקס-מאַסן. די אונטערגענומענע פּראָטעסט-אַקציע מוז ארומנעמען די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג — און אומעטום מוזן געשטעלט ווערן די זעלבע פאָדערונגען.

אָבער גלייכצייטיק מיט דעם און ביז וואַנען דער דאָזיקער ניצחון איז נישט געזיכערט, טאָרן מיר נישט פאַרגעסן, אַז דער קיום פון אונדזער שול-וועזן ליגט אין אונדזערע אייגענע הענט. דורך געהעכערטן שכר-לימוד, דורך אַן אַלגעמיינער שמענדיקער באַשטייערונג דורכגעפירט אין ברייטסטן מאָסשטאַב, דורך אומאויפהערלעכער זאָרגזאַמקייט וועגן די טאָג-טעגלעכע נויטן פון דער שול — וועלן מיר דאָך באַקעמפן די שרעקלעכע לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך.

# דעבאַטן וועגן דער רעכטלעכער און פינאַנסיעלער לאַגע.

ח' לעוו: די רעכטלעכע לאַגע איז דער שווערסטער פונקט. אין דער צ. י. ש. אָ. מערקן זיך צוויי שטרעמונגען: איינע איז גרייט צו גיין אויף פשרות, כדי אויסצוקעמפן רעכט פאַר די שולן, די צווייטע איז קעגן פשרות. עס איז נישט גערעכט דער רעפערענט ח' מענדלסאָן, ווען ער זאָגט, אַז די גזרות שטאַמען דערפון, וואָס מען קען נישט אונדזער שול-וועזן. צוגלייך מיט אונדזער שול-וועזן באַקעמפט מען אויך די רוטענישע און אַנדערע שולן. עס איז אָבער נישט נאָר אַן אונטערדריקונג פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די סיבות זענען אויך סאָציאַלע. דאָס וועלן גיין אויף פשרות איז אַ רעזולטאַט פון נישט פאַרשטיין די סיבות פון די פאַרפאָלגונגען. מיר דאַרפן פאַרבינדן אונדזער קאַמף פאַר דער שול מיטן אַלגעמיינעם קאַמף פון אַרבעטער-קלאַס.

## שלום אַש.

אין זאַל קומט אַריין שלום אַש, וועלכער איז איינגעלאַדן געוואָרן צום צוזאַמענפאָר. ער ווערט באַגעגנט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן פון גאַנצן זאַל.

שלום אַש ווערט איינגעלאַדן אין פּרעזידיום און ווערט באַגריסט דורכן פאָרזיצער, ח׳ ב. זעליקאָוויטש. שלום אַש באַגריסט דעם צוזאַמענפאָר מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

מיינע ליבע פריינט! אין נאָמען פון פּיפּלס-רעליעף-קאָמיטעט וועל איך זיך נעמען דאָס רעכט, אַלס איינער פון זיינע טוער, אייך צו באַגריסן. דער פּיפּלס-רעליעף שטעלט מיט זיך פאָר די ברייטע מאַסן פון הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטער פון אַמעריקע. מיר האָבן צו אייך נישט געשיקט קיין שטיצע. אייער קאַמף איז אונדזער קאַמף.

די געלטער פון פּיפּלס-רעליף דאָס זענען בלוטיקע גראָשנס, אָפּגעשפּאָרט פון דאָס לעצטע, אָפּגעשפּאָרט פון אייגענעם ביסן, אָפּגעשפּאָרט פון קינדס אַ שיכל. עס זענען נישט קיין צופעליקע צוגעוואָרפענע ברעקלעך פון אַ רייכן טיש, מיר האָבן געגעבן, ווייל אייערע וואונטשן זענען אונדזערע וואונטשן, אייער שפּראַך איז אונדזער שפּראַך, אייער קולטור איז אונדזער קולטור. מיר האָבן אייך געהאָלפן און מיט דעם זיך געהאָלפן (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן אויף לאַנגע מינוטן).

די דעבאַטע ווערט ווייטער פאָרגעזעצט.

ח׳ ראָזנבוים: די אַרבעטער-מאַסן זענען צוגעוואוינט צו קעמפן, מיר טאָרן זיך אָבער איצט נישט אַנטזאָגן פון שוין אַנטשפּרעכנדיקע מיטלען און וועגן. מיר מוזן פאָדערן אונדזער רעכט, די אָנערקענונג און אויסהאַלטונג. ווערן מיר באַעוולט, דאַרפן מיר פּראָטעסטירן אויף אַלע אופנים. מ׳קאָן דאָס נישט אָפּפּטרן מיט צוזאָגן אויף שפּעטערדיקע צייטן, ווי ס׳וויל ח׳ לעוו. אָבער כל-זמן מיר דערגרייכן נישט אונדזער אָנערקענונג, דאַרפן מיר זען, אַז אונדזער שול זאָל נישט ווערן קיין צדקה-זאַך, מיר ווילן נישט לאָזן פאַלן דאָס, וואָס מיר האָבן געשאַפן מיט אונדזער בלוט!

ח׳ ד״ר י. קרוק: עס איז אַ מאָדנע זאַך, אַז אין 1922 יאָר דאַרף מען נאָך באַגרינדן פּשוטע און אמת-פּרימיטיווע רעכט. און דאָס דאַרף פּאָרקומען אין פּוילן, אין דעם לאַנד, וואָס האָט אַזוי לאַנג געקעמפט פאַר אירע אייגענע שולן. בנוגע צו דער באַציונג פון דער רעגירונג צו די שולן, דאַרף מען אָנמערקן, אַז דאָ הערשט נישט דער גייסט פון אַ פּעסטאַלאַצי, נאָר פון ביס-מאַרק. אין פּוילן געפינען זיך 50% אַנאַלפאַבעטן און אין דער זעלבער צייט פאַרמאַכט מען שולן, מען פאַרגרעסערט דעם אַנאַלפאַבעטיזם — דאָס איז דאָך אַ ווילדקייט!

מיר האָבן דאָ אַ חשובן גאַסט — שלום אַשן. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז די הילף פון אַמעריקע איז אַ ברידערלעכע. עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן,

ווי אַזוי עס האָבן זיך געשפּירט דערבײַ די פאָרשטייער פון דער מלוכה, ווען זיי האָבן געהערט, אַז שולן דאָ אין לאַנד דאַרפן אויסגעהאַלטן ווערן דורך דער הילף, וואָס קומט פון אַנדערע לענדער. עס זענען פאַראַן אין דער געשיכטע אַזעלכע ביישפּילן: אין ענגלאַנד זאַמלט מען פאַר טוניס, פאַר פּערסיע א. א. וו. צי איז בײַ אונדז דאָ אין פּוילן אַ טוניס, אַ פּערסיע ?...

מיר האָבן זיך דאָ געאייניקט אַרום דער פראַגע. עס איז אַ געזעלשאַפטלעכער קאַמף פאַר דער שול. מען וויל מצד פון אונדזערע קעגנער אונדז אָנבינדן, אַז אונדזער שול איז אַ אַנטי־מלוכהשע. מיר וועלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן און פאַרנאַרן. מיר וועלן אונדזער קאַמף פאַר דאָס רעכט פון אונדזער שול פירן מיט גענוג פאַרשטענדעניש און איבערצייגונג.

ח׳ ר ו ט ש נ י ק: די רדיפות אויף וואָלין זענען נאָך ערגער געוואָרן, ווי אין די אַלטע צייטן פון ניקאָלײַ דעם צווייטן. אַ גאַנצער מבול פון גזרות האָט זיך אַ גאָס געטאָן איבער לוצק, קרעמעניץ, דובנאָ און איבער אַנדערע שטעט פון וואָלין. מען שטעלט אומגלייבלעכע שוועריקייטן באַם אַרויסגעבן קאָנצעסיעס. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ס׳איז גענוג געווען דאָס, וואָס דער פּאָוויאַטאָווער דאָקטאָר האָט זיין צייגניש וועגן דער פּאַסיקייט פון לאָקאַל נישט צוגעשטעלט אין אַ קאָנווערט, אַז די שול זאָל נישט קאָנצעסיאָנירט ווערן. מען באַשטעטיקט נישט די לערער, ווייל זיי זענען נישט קיין אָרטיקע שטענדיקע איינוואוינער, אין דער צייט, ווען די גאַנצע אַדמיניסטראַציע איז נישט קיין אָרטיקע. עס ווערן אויסגעזוכט כּל־ערליי מניעות, כּדי צו שליסן אונדזערע שולן. אין שווערע יאָרן האָבן מיר דורך כּל־המינים קרבּנות געבויט אונדזערע שולן, איצט ווערן זיי אָן צערעמאָניעס געשלאָסן, צוגעמאַכט. איך מוז זיך אַרויסזאָגן קעגן די חברים, וועלכע טרעטן אַרויס אַקעגן דער פּראָטעסט־אַקציע. האָבן די חברים אַנדערע מיטלען, זאָלן זיי דאָס אונדז באַווייזן, זענען זיי נאָר ערנסטע, קאָנען זיי נאָר האָבן וועלכע ס׳איז ממשות, וועלכן ס׳איז צוועק, וועלן מיר זיי אָננעמען. מיינע קינדער פלעגן גיין טעגלעך אין אונדזער שול אַריין צוויי וויאָרסט ווע׳. איצט זענען זיי געבליבן זיצן אין דער היים. איין זאַך וויל איך נאָר נישט: איך וויל נישט, אַז מיינע קינדער זאָלן זיצן אין דערהיים.

עס טרעטן נאָך אַרויס די ח״ח: י. ווילנער, י. רייכמאַן, ב. זעליקאָוויטש און אַנדערע, וועלכע שילדערן דעם רעכטלעכן און פינאַנסיעלן מצב פון אונדזער שול־וועזן און שטיצן־אונטער דער אָרגאַניזירטער פּראָטעסט־קאַמפּאַניע און די פאָדערונגען צו דער מלוכה.

ש ל ו ס ־ ו ו אָ ר ט פ ו ן ח׳ ש. מ ע נ ד ל ס אָ ן.

ער מאַכט אַ סך־הכּל פון די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, ווענדט־אָפּ די טענות פון די איינציקע קעגנער פון דער פּראָטעסט־אַקציע מיט אינדיווידועלע אונטערשריפטן. ער פ אָ ר מ ו ל י ר ט די פאָדערונגען צו דער מלוכה: ע ס מ ו ז ן ת י כ ף א ו י פ ה ע ר ן ד י ר ע פ ּ ר ע ס י ע ס ; ע ס מ ו ז ן ד י ש ו ל ן אָ ר יי נ ג ע נ ו מ ע ן ו ו ע ר ן א י ן ש ו ל ־ נ ע ץ ; ד י ש ו ל ן ד אַ ר פ ן צ ו ג ל ײַ ך

מיט אַלע אַנדערע פּאָלקס-שולן אויסגעהאַלטן ווערן דורך דער מלוכה; די שולן, באַם אַריינגענומען ווערן אין אַלגע-מיינעם שול-נעץ, האַלטן-איין זייער ביז איצטיקן כאַראַקטער און גייסט; די צענטראַלע יידישע שול-אָרג. אָרגאַניזירט, פאַר-וואַלטעט מיט דעם יידיש-וועלטלעכן שול-וועזן אין דער פּוילישער רעפּובליק (אַלגעמיינע, לאַנגע אַפּלאָדיסמענטן).

## די דעבאַטן וועגן דער קעגנזייטיקער באַציונג פון שול און היים.

וועגן דער דאָזיקער פראַגע האַלטן רעפעראַטן די ח"ח: אפרים קאראַב-טשינסקי (ווילנע), ד"ר אייזנשטאַט (וואַרשע) און י. ווילנער (צ. י. ש. אָ.).

ח' אייזנשטאַט שטעלט זיך אָפּ אויף דער אַנטוויקלונג פון די עלטערן-קאָמיטעטן און אויף זייערע ווייטערדיקע אויפגאַבן. די עלטערן-קאָמיטעטן דאַרפן זיך פאַרנעמען מיט דער פראַגע פון שכר-לימוד, מיט דער אויפקלערונג-אַרבעט, מיטן קאַמף קעגן די חדרים. עס דאַרפן געגרינדעט ווערן עלטערן-אוידיטאָריעס וכדומה. די עלטערן-קאָמיטעטן דאַרפן גרינדן איינריכטונגען פאַר קינדער-שוץ, די עלטערן-קאָמיטעטן דאַרפן ווערן אַ גלייכבאַרעכטיקטער טייל פון די פעדאַ-גאָגישע אָרגאַנען. אין יעדער שטאָט דאַרף געבילדעט ווערן אַ צענטראַלער על-טערן-קאָמיטעט, וועלכער נעמט-אַרום אַלע אָרטיקע שולן.

ח' קאראַבטשינסקי רעפערירט וועגן דער זעלבער פראַגע. ער צייכנט-אָן די אויפגאַבן פון די עלטערן-קאָמיטעטן. ער ווייזט אָן, אַז מען דאַרף באַפרייען די פעדאַגאָגישע ראַטן פון אַלע ווירטשאַפט-פינאַנסיעלע זאָרגן און זיי דאַרפן איבערגענומען ווערן פון די עלטערן-קאָמיטעטן.

ח' י. ווילנער צייכנט-אָן די סתירות צווישן דער שול און צווישן דער היים, באַגרינדעט דעם געדאַנק, אַז די שול פאַרנעמט אַלץ מער דעם פּלאַץ פון דערציונג-אינסטיטוט און רוקט אינגאַנצן אַרויס די היים; ער ווייזט-אָן וועגן און מיטלען, ווי אַזוי צו פאַרבינדן די שול מיט דער היים. ער שטעלט זיך ווייטער אָפּ אויפן גייסט און כאַראַקטער פון דער נייער שול, צו וועלכער עס דאַרף, ווי ווייט מעגלעך, צוגעפּאַסט ווערן אויך דאָס לעבן אין דער היים; די טירן פון די שולן דאַרפן געעפנט ווערן פאַר טאַטע-מאַמע, פאַר ברידער און שוועסטער, און די היים דאַרף געעפנט ווערן פאַרן חבר-לערער.

אין דער דעבאַטע נעמען אָנטייל אייניקע דעלעגאַטן פון עלטערן-קאָמי-טעטן: די ח"ח י. זאַזרין און גראַבין (פון ביאַליסטאָק) און ח' פורמאַנסקי (וואַרשע).

## קאַמף מיטן קלעריקאַליזם.

וועגן דער פראַגע ווערן געלייענט צוויי רעפעראַטן: פון ח' ב. מיכאַלע-וויטש (צ. י. ש. אָ.) און ה' פ. מושקאַ (ווילנע).

ח' מיכאַלעוויטש האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן רעליגיעזער דערציונג

אין דער שול, אָנגעוויזן אויף דער צביעות פון דער אַלטער שול, אויפגעדעקט און באַוויזן דעם תּוך, וואָס עס ליגט אין די פאַרשיידענע באַשולדיקונגען, וועלכע ווערן געמאַכט פון די ציונים און דער אָרטאָדאָקסיע בנוגע דעם רעליגיע-לימוד אין אונדזערע שולן. ער האָט באַרירט דעם אַלגעמיינעם קאַמף, וואָס די שוואַרצע אָרטאָדאָקסיע האָט אויפגעהויבן אויף דער יידישער גאַס, און גערופן דעם צוזאַמענפאָר צום אַנטקעגנשטעלן זיך די פינסטערע כּוחות.

ה' פּ. מושקאַ האָט באַרירט די טעטיקייט פון די קלערי־קאַלן אויף דער יידישער גאַס אין פאַרשיידענע צייטן; האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די צילן און די כּוונות פון די קלעריקאַלן אין דער לעצטער צייט. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער גרויסער פאַרינטערעסירונג פון די ברייטע מאַסן אין קאַמף קעגן פינסטעריש און רעאַקציע, און האָט גערופן די עלטערן צו דעם דאָזיקן קאַמף.

## וועגן זשורנאַל „שול און היים".

וועגן זשורנאַל פאַר עלטערן זענען אַרויסגעטראָטן די ה"ה וואַפנער (ווילנע), ה' צימבאַל, ח־טע עלענצווייג און אַנדערע, און עס איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל „שול און היים" אין ווילנע.

# די רעזאָלוציעס.

## I. וועגן דער רעכטלעכער לאַגע.

דער ערשטער יידישער עלטערן־צוזאַמענפאָר אין צאָל פון 124 דעלעגאַטן פון 48 שטעט פון דער פּוילישער רעפּובליק שטעלט פעסט, אַז א) די יידישוועלטלעכע פאָלקס־שול אין דער יידישער אונטעררי‌כט־שפּראַך ווערט סיסטעמאַטיש גערודפט פון דער רעגירונג. שולן ווערן נישט לעגאַליזירט, די לערער ווערן בכּיוון נישט באַשטעטיקט. די לאָקאַלן ווערן אין אַ סך ערטער רעקווירט. די אינספּעקטאָרן פאָדערן אָפט איינפירן די פּוילישע אונטערריכט־שפּראַך א. א. וו. בפרט זענען בולט די רעפּרעסיעס אין די ראַנד־לענדער; ב) אונדזער שול איז אַ לעבנס־באַדערפעניש פאַר די יידישע מאַסן, זי איז דורך זיי אויסגעבויט מיט אַזוי פיל מסירת־נפש און עס וועט בשום אופן נישט דערלאָזט ווערן, אַז עס זאָל רוינירט ווערן דער בנין פון דער יידישער שול.

דער צוזאַמענפאָר מעלדט זיין קאַטעגאָרישן פּראָטעסט קעגן דער רעגירונג און קעגן די אָרטיקע מוניציפּאַליטעטן פאַר זייער פולשטענדיקן איגנאָרירן די באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן און פאָדערט, אַז די יידישע שולן זאָלן איינגעשלאָסן ווערן אין דער אַלגעמיינער מלוכהשער שול נעץ און פאַר זיי זאָל אַסיגנירט ווערן סיסטעמאַטיש גרעסערע שטיצע, הן פון די צענטראַלע מלוכה־פאָנדן, הן פון די אָרטיקע מוניציפּאַלע. דער צוזאַמענפאָר רופט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אונטערצוהאַלטן מיט דער גאַנצער ענערגיע די דאָזיקע גערעכטע פאָדערונג. דער צוזאַמענפאָר פאָדערט, עס זאָלן תּיכּף אויפהערן אַלע

רעפרעסיעס קעגן די שולן און מען זאָל זיי לאָזן פריי זיך אַנטוויקלען און אַז דער כאַראַקטער פון אונדזער שול זאָל באַם איינשליסן אין דער מלוכה נישט געענדערט ווערן.

דער צוזאַמענפאָר האַלט, אַז די רדיפות אויף דער יידישער שול, וועלכע איז געבויט געוואָרן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און ווערט באַזוכט אַמייסטן פון די יידישע אַרבעטער-קינדער, זענען אויך אַן אויסדרוק פון אויסראָטונג-קאַמף מצד די איצטיקע הערשנדיקע קלאַסן אין פוילן אַנטקעגן דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס און זענען אַ רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון דער רעגירונג.

דער צוזאַמענפאָר פּאָדערט דעריבער אויף דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס אָנצופירן דעם קאַמף פאַר דער אָנערקענונג פון יידישן שול-וועזן און איינגלידערן די דאָזיקע פּאָדערונגען אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף, וועלכן ער פירט אָן. דער צוזאַמענפאָר רופט די פוילישע אַרבעטער-מאַסן אונטערצושטיצן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין דעם דאָזיקן קאַמף, וועלכער איז גלייכצייטיק א קאַמף פאַר נייער אַרבעט-שול בכלל.

## 2. וועגן דער פאַרוואַלטונג מיט די יידישע שולן.

דער צוזאַמענפאָר פּאָדערט, אַז דאָס וועלטלעכע שול-וועזן מיט דער יידישער אונטעררי‌כטס-שפּראַך זאָל האָבן זיין אייגענע צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרוואַלטעט מיט אים.

## 3. וועגן פינאַנציעלן מצב פון אונדזער שול.

1) דער צוזאַמענפאָר קאָנסטאַטירט, אַז נישט קוקנדיק אויף דער גרויסער הילף מצד אַמעריקע, איז די צ. י. ש. אָ. דאָך נישט ביכולת צו פאַרלייכטערן די גוואַלטיקע דעפיציטן און די אומגעהייערע פאַרשפּעטיקונגען אינם אויסצאָלן דעם לערער-געהאַלט, — אין די 300 קלאַסן, וואָס גייען-אַריין אין אונדזער שול-נעץ. צוליב דעם אַלעם איז אונדזער גאַנצער שול-וועזן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אויסערסט-שלעכטע באַדינגונגען; עס פעלן פּאַסיקע לאָקאַלן, עס ווערט געלערנט אָן די נייטיקע לערן-מכשירים און געהעריקע מעבל. די פּראָווינציעלע לערער באַקומען אַן אומנאָרמאַל-נידריקן געהאַלט. אויב די דאָזיקע אַרבעטס-באַדינגונגען פון אונדזער שול זאָל נאָך אַזוי דויערן אַ פּאָר יאָר, וועט זי פולשטענדיק דעגראַדירן...

2) באַ די אַלע שלעכטע באַדינגונגען — זענען מיר, לערער, געווען געצוואונגען, קינסטלעך צו פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פון אונדזער שול-וועזן, ווייל אַנדערש וואָלט דער נאַטירלעכער וואוקס פון אונדזערע שולן אַריבערגעשטיגן איינגאַנצן אונדזערע אָרעמע כוחות און מיר וואָלטן געבליבן אומבאַהאָלפן און האָפנונגסלאָז בנוגע דאָס אויסהאַלטן זיי און באַזאָרגן. פיל קלאַסן זענען רעדוצירט געוואָרן, פיל קלאַסן זענען פאַרמאַכט געוואָרן דורך די רעגירונגס-

פּאָרשטייער — און דאָך זענען מיר נאָך אַלץ נישט ביכולת צו באַהערשן די קריטישע לאַגע פון אונדזערע שול-אַנשטאַלטן.

כּדי צו באַקעמפן די געשילדערטע לאַגע — מוזן די עלטערן נעמען אויף זיך אַ שווערע לאַסט פון אַ גרעסערן שכר-לימוד, וואָס זאָל דערגרייכן ביז 50 פּראָצענט פון אונדזער שול-בודזשעט. חוץ דעם מוז יעדע שול באַזאָרגט ווערן מיט אַ פאַרוואַלטונג, וואָס זאָל זיין גענוג טעטיק, כּדי צו קאָנען ארויסבאַקומען מיט אייגענע כּוחות אויף די ערטער וואָס גרעסערע מיטלען אויף צו דעקן די אָרטיקע שול-הוצאות.

דער צוזאַמענפאָר ווענדט זיך צו די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן, נאָך שטענדיקער חברישער אונטערשטיצונג און אַ שטענדיקער באַשטייערונג פאַר אונדזער שול-וועזן.

דער צוזאַמענפאָר האַלט פאַר אַן אילוזיע און האָפנונגלאָזיקייט, אַז באַ די אַלע אָנשטרענגונגען פון די עלטערן און שול-טוער אין צענטער און אויף די ערטער, זאָל די צ. י. ש. אָ. באַקומען אַ מעגלעכקייט ווייטער צו פאַרברייטערן אונדזער שול-נעץ און עס דערהייבן אין איכות ביז צו דער מדרגה, וואָס זאָל אונדז באַפרידיקן. נעמענדיק אין אַכט די ערפאַרונג פון די פאַרגאַנגענע יאָרן און די מעלדונגען פון אַמעריקע וועגן דער אַלץ ווייטערדיקער אויסשעפונג פון די געלט-רעסורסן, פאָדערט דער צוזאַמענפאָר, אַז די יידישע שולן זאָלן איינגעשלאָסן ווערן אין דער אַלגעמיינער מלוכהשער שול-נעץ און זיי זאָלן אויסגעהאַלטן ווערן פון די צענטראַלע מלוכה-פאָנדן און פון די מיטלען, וועלכע עס פאַרמאָגן די מוניציפּאַליטעטן.

## 4. וועגן דער פּראָטעסט-קאַמפּאַניע.

דער צוזאַמענפאָר באַשליסט אונטערצושטיצן די פּראָטעסט-קאַמפּאַניע מיט אינדיווידועלע אונטערשריפטן קעגן די רעפּרעסיעס אויף אונדזערע שולן. דער צוזאַמענפאָר רופט די ברייטסטע מאַסן צום אַקטיוון קאַמף פאַר די רעכט פון אונדזער שול.

## 5. וועגן קאַמף מיטן קלעריקאַליזם.

דער צוזאַמענפאָר זאָגט זיך אָפּ פאַרן באַזייטיקן די רעליגיעזע לימודים פון דער שול.

דער צוזאַמענפאָר פאַרמשפּט סיי די חדרים, סיי די העברעיסטישע שולן, אַלס הורכגעדרונגענע מיטן גייסט פון קלעריקאַליזם, שאָוויניזם און געזעלשאַפטלעכער רעאַקציע. ער רופט די ברייטע יידישע מאַסן צו שטיצן אַקטיוו די נייע וועלטלעכע אַרבעט-שול מיט יידיש, אַלס די איינציקע אונטערריכט-שפּראַך.

דער צוזאַמענפאָר פּראָטעסטירט אויפן שאַרפסטן אופן קעגן די יידישע אָרטאָדאָקסן און ציוניסטן, וואָס באַמיען זיך צו אונטערגראָבן דורך אַלערליי

מיטלען דעם יסוד פון דער שול פון דער יידישער מאַסע און זענען דורכדעם אָביעקטיוו די מיטהעלפער פון דער אַלגעמיינער רעאַקציע אין לאַנד.

דער צוזאַמענפאָר רופט די ברייטע מאַסן צום קאַמף קעגן קלעריקאַליזם, אין וועלכע אופנים ער קומט נאָר צום אויסדרוק.

## 6. וועגן די אויפגאַבן פון די עלטערן־קאָמיטעטן און קעגנזייטיקע באַציונג פון שול און היים.

כדי מיטצווירקן דער נאָרמאַלער און האַרמאָנישער דערציונג פון דער יוגנט, מוז ווי ווייט מעגלעך פאַרווישט ווערן די מחיצה צווישן היים און שול און ס'דאַרף צווישן זיי ביידן געשאַפן ווערן אַ ענגער צוזאַמענהאַנג.

די שול דאַרף געעפנט ווערן פאַר דער היים און די היים פאַר דער שול. לערער, קינד און עלטערן דאַרפן זיך צוזאַמענלעבן. דאָס לעבן אין דער היים דאַרף, ווי ווייט מעגלעך, צוגעפּאַסט ווערן צום לעבן און גייסט פון דער שול.

די עלטערן פון די שול־קינדער מוזן, צוגלייך מיט די לערער און געזעל־שאַפטלעכע טוער, נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אויפבוי פון דער נייער שול און אין איר פאַרזאָרגונג. זיי, די עלטערן, זענען די דערציער פון די קינדער ביזן שול־פעריאָד און אויסער דער שול־צייט, און אָן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט די עלטערן, מיט דער היים, קאָן די שול נישט אויספירן איר אַרבעט בשלמות.

זיי מוזן נעמען דעם ענערגישסטן אָנטייל אין דעם קאַמף פאַר דער אָנער־קענונג פון דער נייער שול דורך דער צענטראַלער רעגירונג און די קאָמונאַלע אַנשטאַלטן אויף די ערטער, זיי מוזן אין דער היינטיקער שווערער איבערגאַנג־צייט — דורכן שכר־לימוד, דורכן באַשטייערן און דורך אַנדערע מיטלען — גאַראַנטירן דעם קיום פון דער שול.

בא אַלע שולן ווערן געשאַפן עלטערן־קאָמיטעטן, וועלכע ווערן געוויילט דורך אַלגעמיינע עלטערן־פאַרזאַמלונגען.

די עלטערן־קאָמיטעטן דאַרפן: 1) מיטהעלפן דעם קאַמף פאַר דער אָנער־קענונג און אויסהאַלטונג פון דער שול. 2) זאָרגן פאַרן שכר־לימוד און אים רעגולירן. 3) דורכפירן זעלבסט־און מאַסן־שטייערונג פאַר יידישן שול־וועזן. 4) באַזאָרגן די פינאַנסיעל־ווירטשאַפטלעכע ענינים פון דער שול. 5) קעמפן מיט דער עם־הארצות פון טייל עלטערן און מיט זייער פאַסיווער באַציונג צו דער שול. 6) אַריינציען אַלע עלטערן אין דער נייטיקער שול־אַרבעט און זיי פאַרינטערעסירן מיט די פאַרשיידענע דערציונגס־פראַגן.